# שול־ביבליאָטעק

## № 7

שלום אש

# יאסעלע



פאַרלאַג „קולטור־ליגע", וואַרשע

# שול-ביבליאטעק

№ 7

שלום אש

# יאסעלע





פארלאג

„קולטור-ליגע"

װארשע

פון בּוּך „אַמעריקע“
פאַרקירצט פאַר קינדער.

SZOLEM ASZ — JOSELE

געדרוקט אין 2000 עקזעמפּלאַרן

Wyd. spół. „KULTUR-LIGA“
Warszawa, 1928

Druk. „Di Welt“, Nowolipie 7

# יאָסעלע.

## א.

### דאָס געזעגענען זיך.

ווען מאיר מלמד איז אַהיים געקומען אָן אויפדערנאַכט נאָך מעריב צו עסן דאָס לעצטע נאַכט־עסן מיט זיין משפחה, פאַר זיין אָפּפאָרן נאָך אמעריקע אַראָפּ, — האָט ער שוין גע־טראָפן יאָסעלען, זיין יינגסטן, זעקס־יעריקן זון, שטייענדיק אויפן בענקל, און איז געווען דער ערשטער צום טיש, וועל־כער איז געדעקט געווען מיט לעפל־טעלער. און דערזעענדיק דעם פאָטער, האָט יאָסעלע מיט אַ לעפל געקלאַפּט אין טיש, — און געשריגן הויך אויף זיין דין קינדיש קולכל:

— ווייסט, טאַטע, וואָס די מאַמע קאָכט היינט? בעבלעך, טאַטע.

די מוטער, חנה־לאה, האָט דעם קאָפּ אַרויסגעבויגן פון הינטער דעם פאָרהענגל, וואָס האָט פאַרשטעלט דאָס קעכל, און אויף איר געזיכט האָט זיך געוויזן אַ שמייכל, ווי אַ שטילע פרייד האָט זיך צערונען איבער איר שטערן, וואָס האָט זיך נישט גאַנץ אַרויסגעזען פון הינטערן טיכל, און די אויגן האָבן אַהין געוויזן אויף דעם יינגל.

דער פאָטער האָט מיט אַ געמאַכטן בייזערדיקן טאָן זיך אָנגערופן:

— דו. יונגאַטש איינער, וואָס די מאַמע קאָכט, ווייסטו, און וואָס פאַר אַ סדרה גייט, ווייסטו אויך?

— איך ווייס, — האָט יאָסעלע, נישט אָן גאווה געענט־פערט.

— לאָ׳מיך הערן!

— לך לך — ענטפערט יאָסעלע אָפּ מיט איבערצייגונג.

— טאָ אַנטלויף, יונגאַטש איינער, — שרייט דער פאָטער מיט דעם פריערדיקן געמאַכטן געבייזער.

— האָב איך נישט געוווסט, טאַטע! — רייצט זיך יאָסעלע איבער די מוטער, וועלכע איז די גאַנצע צייט געשטאַנען ביים קעכל, אומגעקערט דאָס פנים צו יאָסעלען, — האָט גע־שמייכלט מיט יענעם באַקאַנטן מוטערלעכן, נחתדיקן שמייכל, וואָס איז מער ענלעך צו וויינען, ווי צו לאַכן, און וואָס האָט זיך צו חנה־לאהס טרויעריקן פנים אַזוי צוגעפּאַסט.

חנה־לאהס געזיכט איז איצט באַלויכטן געווען מיט נחת אויף איר קינדס חכמה. נאָר באַלד האָט זיך אויף דער קיך, אָנגעהויבן צו זידן און עפּעס צו לויפן, די יידענע האָט פאַר־געסן אין איר פרייד, — און האָט צום קליינעם יונג אַהער גע־שריגן שוין מיטן טאָן פון א קללה — ווי דאָס קינד וואָלט שולדיק געווען אין דעם:

— ווי דאָס איז אַריינגעטאָן אין דער אכילה, — ווען ער וואָלט נאָר געוואָלט אַזוי לערנען, ווי עסן!

נאָר די מוטער האָט אויף דעם קליינעם יאָסעלע לשון־הרע גערעדט. אויף די זעקס יאָר, וואָס יאָסעלע האָט געהאַט געציילט, האָט ער צו ווייניק געגעסן און צו פיל געלערנט. און איבערהויפּט זיינען יאָסעלעס יאָרן נישט אַדורכגעגאַנגען אין האָניק און אין פּוטער געשמירט. דאָס קליינע יינגל, וועלכנס אייגעלעך האָבן זיך אלערע־שטנס און אלערבעסטנס

נאָר אַרויסגעוויזן פון זיין טרויעריק גופל, וואָס איז באַשטאַנען פון הויט און ביינער, האָט שוין געהאַט צו פאַרצייכענען אַ היפּש ביסל פורעניות. ער איז געווען אַ קינד, וואָס אַלץ האָט זיך צו אים „געטשעפּעט", ווי די מוטער פלעגט אויף אים זאָגן. וואָס פאַר אַ קרענק עס איז נאָר „אומגעגאַנגען" אין שטעטל, — האָט זי זיך אַלערערשטנס „געזעצט" אויף יאָסעלען. נאָר יאָסעלע האָט זיך דאָך אַרויסגעקראָגן פון אַלע שאַרלעכס און טיפוסן, און שטייט אָט דאָ, מיט זיינע זעקס יאָר יידישע קינדער־לעבן, מיט אַ פאַרטיקער עברי, מיט אַ סדרה און אַ לעפל אין האַנט.

---

דער פאָטער האָט יאָסעלעס פּאַהלעך געקרייזלט, געגלעט אים מיט אַ לעבעלן אין דער באָרד, און געזאָגט צו אים:

— ווייסט, יאָסעלע, וווהין דער טאַטע פאָרט?

— נאָך אַמעריקע. — האָט יאָסעלע אָפּגעענטפערט.

— און ווו איז אַמעריקע? — פרעגט דער פאָטער.

— ווייט, גאַנץ ווייט, — ווייזט יאָסעלע מיט דער האַנט.

דער פאָטער האָט אים ביים האַנט אָנגענומען. אָנגעקוקט דאָס פּנימל, טיפער אים אַראָפּגערוקט דאָס היטעלע, וואָס ער האָט אים געהאַט געקויפט אויף שמחת־תורה, וואָס איז ניט לאַנג פאַרביי, און האָט אין דער שטיל געקרעכצט.

די פאָטערלעכע צערטלעכקייט האָט יאָסעלע געדענקט דורך די גאַנצע צייט, ווען דער פאָטער איז נישט דאָ געווען.

נאָר באַלד האָבן זיך די טירן געעפנט מיט אַ פּראַל, אין דעם שטיבל זיינען מיט־אַמאָל אַריינגעקומען צו לויפן צוויי יינגלעך פון אַ יאָר אַכט. ביידע אַזוי ווי אַ צווילינג, מיט

צווייליִנגע קאַפּאָטקעלעך און קאַשקעטלעך, זיינען אַריינגע-קומען גאָר פריילעך, מיט לאַכן און פרייד, נאָר, דערזעענדיק דעם פאָטער, האָבן זיי זיך מיט-איינס-אָל באַרויקט.

— אַהאַ, די קאָמאַנדע איז געקומען! — האָט די מוטער צוגעוואָרפן אַ וואָרט פון הינטער דעם אויוון.

די „קאָמאַנדע" האָבן זיך נעבן פאָטער ביים טיש אוועק-געזעצט, ווי סטאַטיקעס.

— וואָס עפּעס אַזוי פרי? — האָט דער פאָטער געפרעגט.

— דער רבי האָט אונז אַהיים געלאָזט, זיך געזעגענען מיטן טאַטן, — האָבןביידע מיט-אַמאָל אָפּגעענטפערט.

אַלע זיינען אַ מינוט שטיל געבליבן.

נאָר יאָסעלע, וועלכער איז דאָ געווען דער יינגסטער, און האָט זיך דאָ געפילט דער געליבטסטער, האָט זיך צום ערשטן אָפּגערופן, פרייענדיק זיך:

— דער טאַטע פאָרט אוועק נאָך אַמעריקע!

די יינגלען האָבן נישט געוואַגט צו לאַכן, כאָטש זיי האָבן געוואָלט.

— וואָס איז אויף דיר די שמחה? — האָט די מוטער גע-זאָגט, אויפשטעלנדיק די זופּ אויפן טיש, — מאיר וואַש זיך, — האָט זי געענדיקט דעם זאַץ.

אַלע זיינען אַרום טיש געזעסן. עס האָט זיך נאָר געהערט דאָס קלאַפּן פון דער „קאָמאַנדע" מיט די לעפל אויף די טע-לער.

מאיר האָט זיך געצופּט די באָרד. און יעדער מאָל אַ צוק געגעבן מיטן פּנים, ווי ער וואָלט עפּעס פאַרטרייבן פון זיך, און צו די יינגלען האָט ער געזאָגט:

— איר זאָלט די מאַמע האַרכן, בערל, חיים, — איר הערט, איר זאָלט פאָלגן די מאַמע, — און זאָלט באַגערן צו לערנען, —

וואָרים איך וועל נישט זיין—ווער וועט זיך...

ער האָט שוין געוואָלט זאָגן אַ ווייך וואָרט, — וואָס איז גאָרנישט לויט זיין כאַראַקטער, — נאָר דערזעענדיק, ווי בערל זיצט מיט איין פוס הינטער זיך, און מיטן צווייטן פוס ווי ער וואָלט געקניט, — האָט ער אָנגעהויבן צו שרייען:

— זע, ווי דער יונג זיצט, זע. דעם פוס אַראָפּ, דו יונגאַטש איינער!

— אַ־יאָ, שיין וועלן זיי מיך האָרכן, עס וועט זיין אַ חורבן נאָך מיינע יאָר; ביי וועמען לאָזטו מיך איבער? — האָט זיך דאָס ווייב דערמאָנט.

די ביידע אַכט־יאָריקע יונגען זיינען שטיל געזעסן, האָבן זיך געפּילט, ווי זיי וואָלטן די מוטער געוועזן געקוילעט, און האָבן מורא געהאַט צו באַוועגן מיט אַן אבר.

נאָר דער קליינער יאָסעלע מיטן קאַפּעלע און איינגעשמוצט פּנימל — ער האָט געקלאַפּט מיטן לעפל אויפן טיש און געפרייט זיך אַליין:

— דער טאַטע פאָרט קיין אַמעריקע, דער טאַטע פאָרט קיין אַמעריקע!

באַלד איז אַריינגעקומען די מומע שיינדעלע, אין אַ טוך איינגעוויקלט, און די „רויטע פלעקן", וועלכע האָבן זיך געוויזן אויף איר ע ביינערדיקע באַקן, האָבן אויסגעזאָגט, אַז אירע לונגען זיינען נישט גאַנץ... און דערפאַר טאַקע האָט מען זי גערופן „רויטע בעקלעך". אַריינגעקומען איז זי מיט אַ מינע, ווי מע קומט אַריין צו באַקלאָגן אַ טויטן. איידער זי האָט נאָך געזאָגט „גוטן אָוונט", האָט זי געגעבן אַ צי־אויף די אַקסלען, אַ הוסט אָפּ, און אַ גנבהשן בליק געוואָרפן אַרום אין דער שטוב, און ווי עפּעס ביי די ווענט געפרעגט:

— מיין לייבוש איז נאָך נישט געפאָרן?

און באלד האָט זיך די טיר אויפגעעפנט, און אַ שטילער, טרויעריקער „גוט ב'אָוונט" האָט זיך דערהערט. אין שטוב האָט זיך אַריינגערוקט אַ הויכער, פינצטערער מאַנספּאַרשוין פון אַ יאָר עטלעכע און פערציק, אָרעם געקליידט, און האָט זיך אָן אַ וואָרט אין אַ ווינקל־שטוב אַוועקגעזעצט.

— לייבוש, דו ביסט עס?

— יאָ, איך, איך, — האָט זיך געהערט אין אַ בייזערדיקן טאָן.

מאיר און לייבוש האָבן געפירט דאָס געשפּרעך, די ווייבער, די צוויי שוועגערינס, האָבן זיך אין אַ ווינקל פאַרקליבן און גערעדט צווישן זיך זייער פאַרטרויליכע. רחלע, דאָס עלטסטע מיידל, וועלכע איז באַקאַנט געווען אין געסל פאַר אַ גאַנצע בריהטע און איז געווען קוים צען יאָר אַלט, איז געזעסן ביי די ווייבער און אויסגעהאָרכט דאָס געשפּרעך און אַנטייל גענומען דערין ווי אַ דערוואַקסענע ייִדענע.

די געלעגנהייט האָט די „קאָמאַנדע" באַנוצט און האָט אָנגעהויבן צו געפינען אין די אויגן פון דער „גרינער מומע" — ווי זיי פלעגן די מומע שיינדל רופן — „קליינע מענטשעלעך", וועלכע טיקן זיך אין ים. און בערל, דער יונגערער פון דער „קאָמאַנדע", וועלכער האָט זיך געקאָנט אויף „די זאַכן" — האָט דערציילט פון פאַרשיידענע כשוף־מאַכערס און מכשפות, וואָס הענגען זיך אָן אין די פרענדזולען פון דער „גרינער מומעס" פאַטשיילע און ווערן פאַרטרונקען אין אירע אויגן. און בערל האָט געוויזן אויף די אויגן פון דער מומע, וועלכע האָבן איצט ביים שיין פון דעם נאַכטלעמפל טאַקע אָנגענומען אַ גרינעם קאָליר, און אַסך מענטשעלעך האָבן זיך אין זיי געטיקט־אַלע, וואָס זיינען געווען אין שטוב... דערפון האָט בערל אויסגעדרונגען, אַז אַ שיף

אויפֿן ים גייט אונטער, און ער האָט דערציילט וועגן גרויסן ים, פֿון די שיפֿן, פֿון די פֿיש און חיות, וואָס זיינען אין ים, גלייך ווי ער וואָלט דאָס אַלץ מיט די אויגן געזען. — — —

דערביי איז יאָסעלע געזעסן און ער האָט אויסגעשטעלט די גרויסע אויגן זיינע און געלוישט יעדעס וואָרט, און אַלץ, וואָס בערל האָט דערציילט, האָט ער מיט זיינע גרויסע אויגן געזען און ער האָט אָנגעהויבן מורא צו קריגן פֿאַר דעם ים' און פֿאַר דער מומע, און פֿאַר אַלעם, ביז ער האָט אָנגעהויבן צו וויינען. אויף דעם וויינען האָט אויך קיינער קיין אַכט נישט געגעבן, און קיינער האָט זיך נישט געלאָזט שטערן אין געשפּרעך, ביז ער איז איינגעשלאָפֿן אויף דעם פֿאָטערס געפּאַקטן זאַק, וועלכער איז געלעגן אין אַ ווינקל־שטוב, מיט די שרעקלעכסטע חלומות — אודאי וועגן ים און וועגן די מענטשעלעך, וואָס טוקן זיך אין דער „גרינער מומעס" אויגן. אַ ביסל שפּעטער האָט אים די „קאָמאַנדע", בערל און חיים, אויך געפּאָלגט און זיינען איינגעשלאָפֿן אויף דעם צווייטן זאַק, און האָבן די שטיוול אויסגעשטרעקט אין דער שטוב אַריין.

---

די נאַכט איז נאָך געלעגן טיף און שוואַרץ איבער דער ערד און האָט אויך אָנגעפּילט מיט פֿינסטערניש מאָריס קליין שטיבל, ווען דער ייד איז געשטאַנען פֿאַרן הילצערנעם בעט פֿון זיינע צוויי קדיש־זאָגערס — בערל און חיים — און האָט עפּעס אין דער שטיל אַריינגעמורמלט צו זיך אין דער גרויסער באָרד אַריין. די שטוב איז געווען באַלויכטן מיט דער ליכטיקייט פֿון אַ דין נאַפֿט־קנויטל, און דער ייד האָט געהאַלטן די אויגן פֿאַרמאַכט און זיין גאַנץ פּנים איז פֿאַרשטעלט

געוועזן אין די האָר פון באָרד, נאָר מיט זיינע הענט האָט ער געטאַפּט די קעפּ פון דער „קאָמאַנדע", וועלכע איז איצט געלעגן אוןביים שיין פון ליכטל האָבן זיי גאָר נישט אויסגעזען ווי אַ „קאָמאַנדע", נאָר ווי צוויי דינע צווייגלעך, אָדער ווי צוויי קעלבער, וואָס בויגן־צו די קעפּ איינס צום צווייטן און קאָנען, נעבעך, „קיין צוויי ביז ציילן".

דער פאָטער האָט זיי צוריק אָנגעטאָן די קאַפּלעך, וועלכע זיינען געהאַט אַראָפּגעפאַלן פון זייערע קעפּ, — און טאַפּנדיק מיט זיינע הענט זייערע קעפּ, האָט ער עפּעס געמורמלט און די אויגן געהאַלטן פאַרמאַכט. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צו יאָסעלען, וועלכער איז נאָך געשלאָפן מיט דער מוטער. ער האָט אים אַ קליינעם אויגנבליק אָנגעקוקט, אַ קרעכץ געגעבן, זיך אַראָפּגעבויגן, און יאָסעלען אַ קוש אין קעפּל געגעבן.

ער האָט געמיינט, אַז יאָסעלע שלאָפט, ערשט, אַז חנהלאה, וואָס איז דערביי געשטאַנען, האָט צוגעבויגן דאָס ליכט, געוואָלט דעם מאַן ווייזן יאָסעלעס פנימל, — האָבן זיי דערזען יאָסעלעס שוואַרצע אויגן, וועלכע זיינען ברייט אָפן געווען און געקוקט מיט באַלעבונג אין דער אָפענער נאַכט אַריין.

דער פאָטער האָט זיך דאַן צו אים אָנגערופן:

— דער טאַטע פאָרט אַוועק, יאָסעלע, — פאָרט ווייט אַוועק.

יאָסעלע האָט געשוויגן, נאָר די אויגן האָבן אויסגעזאָגט אַז ער הערט אַלץ צו אויפמערקזאַם.

— און עס וועט נישט קיינער זיין, ווער עס זאָל דיך פאַרהערן, — באַגער צו לערנען, יאָסעלע, באַגער, און דאַוון פרום, אין שטיבל, און לויף נישט אַרום, און האָרך די מאַמע, יאָסעלע. — וואָרים דער טאַטע וועט נישט זיין, — האָט מאיר

געזאָגט.

יאָסעלע האָט אַלץ געשוויגן — נאָר ער האָט מיט־אַמאָל אַלץ פאַרשטאַנען און גוט געוווּסט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. און האָט געפילט זיין גאַנץ יידיש יתומקייט. און אַז דער פאָטער האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו אים און האָט אים דאָס לעצטע מאָל אַ קוש געגעבן, האָט יאָסעלע אָפּגעענטפערט:

— פאַר געזונטערהייט, טאַטע, — און דאָס האָט געהייסן, אַז ער זאָגט אַלץ צו, אויף וואָס דער פאָטער האָט געזאָגט.

און דאָס איז עפּעס אַזוי אומנאַטירלעך געווען פאַר דעם יידן, — אַז חנה־לאה האָט זיך דערביי הויך צעוויינט, און ער האָט זיך ווידער אַראָפּגעבויגן און ווידער אַ קוש געגעבן, און האָט עפּעס הויך געזאָגט, און ווידער די אויגן פאַרמאַכט, און מיט דער באָרד צוגעשאָקלט. דערנאָך איז ער אַרויס, אין באַגלייטונג פון זיין ווייב, מיט זיין עלטסט מיידל צו דער פור צו, מיט די צוויי אָנגעפילטע זעק.

---

אַז יאָסעלע האָט געהאַט די אויגן געעפנט, האָט ער געטראָפן די „קאָמאַנדע" זיצנדיק אויף דער ערד און האָבן אַלע שטולן פון שטיבל געהאַט אומגעקערט, — און זיי האָבן אים אָפיציעל מיטגעטיילט:

— היינט גייען מיר נישט אין חדר אַריין, דער טאַטע איז נאָך אַמעריקע געפאָרן.

יאָסעלע האָט זיי גאָרנישט געענטפערט, ער האָט ביי זיך אין זיין הערצל באַהאַלטן דעם פאָטערס ווערטער, און אַ געוויסער שטאָלץ האָט אים אַרומגענומען אויף דעם, וואָס דער פאָטער האָט אים געזאָגט, אין האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַלץ צו פאָלגן, וואָס דער פאָטער האָט אים געזאָגט.

ב.

# דער בריוו.

חנה־לאה האָט זיך אַרומגעוויקלט אין דעם נייעם שבת־דיקן טיכל, גענומען יאָסעלען בײַ דער האַנט און צוגעפירט אים צו דער חברה, וווּ דער דיין האָט געלערנט שבת נאָך־מיטאָג. זי האָט אַרײַנגעשיקט יאָסעלען מיטן חומש צום דיין און געבעטן, אַז מען זאָל איר לעבעדיקן יתום פאַרהערן.

מיט דער „קאָמאַנדע“, מיט אירע צוויי דערוואַקסענע זין, האָט זי זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן. זיי זײַנען געגאַנגען אין חדר אַרײַן, ווען זיי האָבן געוואָלט, כאָטש דאָס גאַנצע געסל ייִדן האָבן זיך געפֿילט פאַרפליכטעט אַכטונג צו געבן אויף די „לעבעדיקע יתומים“. און ווען אַ ייִד האָט געזען אַ יונג פֿון דער „קאָמאַנדע“ אין גאַס אַרומלויפֿן, האָט ער אַראָפּגעכאַפּט דעם פּאַסיק און געשריגן: „אין חדר אַרײַן, דו יונגאַטש איינער!“ דאָך האָבן זיך די יונגען געפֿילט פרײַ און זײַנען גאַנצע טעג אויף די פֿעלדער אַרומגעלאָפֿן און „פּאַלענט געשפּילט“. דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיי געהאַלטן פֿאַר פֿאַרפֿאַלן און באַדויערט חנה־לאהן.

— „וואָס פֿון קינדער ווערט, אַז אַ טאַטע איז נישטאָ!“

און צווישן חנה־לאהן מיט דער „קאָמאַנדע“ איז אַ שטענ־דיקע מלחמה געווען. חנה־לאה האָט אײַנגעשלאָסן דאָס ברויט מיט די שטיוול אין קאַסטן, און די יונגען האָבן עס אַרויסגע־קראָגן. חנה־לאה האָט זיי אויך געהאַלטן פֿאַר פֿאַרפֿאַלן דאָך אַז די „קאָמאַנדע“ איז אַהיים געקומען און האָבן דערציילט אַז מע האָט זיי אין שטיבל (וווּ זיי האָבן געדאַוונט) פֿון דעם פֿאָטערס אָרט אַראָפּגעיאָגט, איז חנה־לאה אַרונטער און האָט

שבת געמאַכט אַ „געוואַלט", — אירע לעבעדיקע יתומים פאַר־טרייבט מען פון שול, און גאָט וועט זיך פאַר איר אָננעמען.
נאָר מיט יאָסעלען איז אַנדערש געווען. אויף יאָסעלען אַכטונג צו געבן האָט זי זיך געפילט פאַרפליכטעט פאַר מאירן; דאָס קינד האָט באַגערט, און מע מוז דאָך דאָס אויס־לערנען אַ ייד צו זיין. און כאָטש דער שכן ר' משה האָט אים יעדן שבת פאַרהערט די פרשה חומש (יאָסעלע האָט שוין אָנגעהויבן חומש), דאָך האָט אים חנה־לאה געפירט יעדן שבת נאָך־מיטאָג אין חברה אַריין, צום דיין, פאַרהערן. זי האָט גע־וואָלט ווייזן דעם געסל, אַז זי היסט ווי אַ מאַמע צו זיין — און מאיר קאָן זיך אויף איר פאַרלאָזן.
וואָרים יאָסעלע איז גאָר געווען אַן אַנדער קינד, ניט ווי זיינע ברידער. זינט דער פאָטער איז אַוועקגעפאָרן, איז יאָסעלע אַ דערוואַקסענער ייד געוואָרן. דעם ביינאַכט, ווען דער פאָטער איז צו אים צוגעקומען צום בעט און האָט זיך מיט אים געזעגנט, האָט ער אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז עס איז עפּעס געשען אַ וויכטיקע זאַך אין זייער משפחה, און אַז דער פאָטער איז אַזוי לאַנג נישט צוריקגעקומען, האָט ער נישט געפרעגט, ווען דער פאָטער וועט צוריקקומען, נאָר ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער פאָטער איז ווייט פון זיין משפחה — ווייל ער מוז, און ער מוז אָנהויבן אַליין איבער זיך צו קלערן. און יאָסעלע האָט זיך אַ נעם געטאָן צו זיך אַליין, ער האָט געפילט, אַז דער פאָטער איז נישטאָ, און די מוטער קאָן נישט פאַרטיק ווערן מיט אים. האָט ער אַליין פאַר זיך געזאָרגט: קיינמאָל האָט מען אים נישט געדאַרפט הייסן גיין אין חדר אַריין; ער האָט זיך אַליין אינדערפרי אויפגעהויבן מיט אַ קינדישן אימפּעט און זיך מיט אַן ערנסט אין חדר גע־

לאזט. קיינמאָל האָט מען אים נישט געזען זיך שפּילן; קיין חברים האָט ער נישט געהאַט, אין חדר איז ער שטענדיק געזעסן שטיל, מיט אַ געווּיסער ערנסטקייט און האָט זיך גוט צוגעהערט דערצו, וואָס דער רבי האָט געזאָגט. און אַז ער איז אַהיים געגאַנגען, איז ער נישט געלאָפן איבער דער גאַס, האָט זיך נישט געשפּילט ווי אַנדערע קינדער. געקומען אַהיים, האָט ער זיך אָנגעוועקגעזעצט ווי אַ דערוואַקסענער בּיי דערוואַקסענע מענטשן און האָט זיך איינגעהערט, וואָס מע רעדט. דערמיט איז ער זייער געפעלן אַלעמען און אַלע האָבּן אים געריממט.

פרייטאָג פאַרנאַכט האָט ער גענומען דעם טאַטנס סדור און איז געגאַנגען אין שטיבל אַריין, ווו דער טאַטע האָט געדאַוונט, און פלעגט זיך געשאָקלט און הויך געדאַוונט, כּדי אַלע זאָלן הערן זיין עבֿרי. יעדער האָט אים דערפאַר אַ קניפּ אין בּעקל געגעבּן, און יאַסעלע האָט זיך געפילט געשמייכלט. מיט די בּרידער האָט ער זיך נישט געחברט. און אַז ער האָט געהערט, ווי די מוטער ערגערט זיך איבּער זיי, וואָס זיי לויפן אַרום, — האָט ער זיך אויך אַ וועקגעזעצט אין אַ ווינקל אַ פאַרקלערטער, ווי ער וואָלט געזאָרגט אויף דעם, וואָס פון די בּרידער וועט ווערן.

ער האָט דאָס אויך יעדן שבת נאָך-מיטאָג די מוטער דערמאָנט, אַז זי זאָל אים פירן אין דער חברה צום דיין פאַרהערן. און איצט, אַזוי ווי ער שטייט פאַרן דיין און פאַר דער גאַנצער חברה יידן, זאָגט ער הויך די פּרשה חומש מיט רש"י, וואָס ער האָט די וואָך געלערנט, ווי ער וואָלט די יידן געוואָלט זאָגן: „דער טאַטע איז נישטאָ — מוז איך פאַר מיר אַליין זאָרגן". און זיין מאַמע חנה-לאה שטייט איצט פאַר

דער טיר פון דער חברה (זי וועט דאך ניט אריינגיין, עס זיינען דאך יידן דערינען) און הערט זיך צו צו זיין קול און זאגט צו די פארבייגייענדיקע ווייבער מיט א קרעכץ: „עס איז דאך מיין יאסעלע – דער פאטער איז דאך ניטא, מוז איך אים פירן אין דער חברה אריין, אז דער דיין זאל אים פאר־הערן".

און אז יאסעלע האט אפגעזאגט די פרשה חומש, קנייפט אים דער דיין אין בעקעלע אריין. נאר יאסעלע נעמט דעם חומש אונטערן ארעם און זאגט א געלאסענעם „גוטן שבת" און גייט ארויס געלאסן, ווי א דערוואקסענער, און די מוטער גייט מיט אים איבערן געסל אהיים.

אנגעקומען פאר דער טיר פון זייער הייזל, זעצט זיך די מוטער מיטן זון אוועק. עס איז א זומערדיקער שבת־פארנאכט, אלע זיצן פאר די טירן אין געסל, די מענער גייען אהיים פון שולכל, פון מנחה־דאווענען; די יונגען לויפן אין גאס און יאגן איינער דעם צווייטן, דערונטער מוז די „קא־מאנדע" אויך זיין; די מיידלעך, אין די שבתדיקע נייע קליידלעך, שפאצירן איבערן געסל און שאקלען אין יעדן פענסטער אריין „גוט־שבת". און די זון גייט אונטער אונטער די לייטערס פון דער זוינטמיל.

יאסעלע מיט דער מאמען זיצן פאר דער טיר; רחלע שפאצירט מיט די חברטעס אין געסל און די מוטער פירט אן ערנסט געשפרעך מיט יאסעלען, ווי מיט א דערוואקסענעם.

— שוין לאנג ניט געווען קיין בריוו פון טאטן, – זאגט די מוטער.

— האט זיך אודאי פארשפעטיקט, – ענטפערט יאסעלע און גיט דערביי צו פארשטיין מיט זיינע קינדערשע קליינע הענטעלעך – א בריוו גייט דאך אזוי לאנג פון אמעריקע, – און

קוקנדיק אויף דער אונטערגייענדיקער זון, האָט ער זיך דאָך ניִשט געקאָנט איינהאַלטן און פרעגן די מוטער:

— ווייסט, מאַמע, איצט הויבט זיך דער טאַטע אויף.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס?

— די זון גייט דאָך איצט אויף אין אַמעריקע. אַז ביי אונז ווערט נאַכט, הויבט דאָרט אָן טאָג צו ווערן—דערציילט יאָסעלע דער מאַמען און גיט איר צו פאַרשטיין מיט זיינע הענטלעך.

אויף דעם האָט חנה־לאה געגעבן אַ קרעכץ.

— אוי, געלאָזט מיך דאָ—מיין מאַן געלאָזט מיך דאָ,— שאָקלט די יידענע מיטן קאָפּ.

— וואָס מיינסטו, עס איז אים גוט?—פּרוּווט יאָסעלע צו פאַרענטפערן דעם פאָטער,—אוי, וויל ער אונז אודאי זען,— ווי מיר אים.

אַז עס איז נאַכט געוואָרן, באַלד נאָך דער הבדלה, האָט זיך פון דער העלער הויט געוויזן די מומע שיינדעלע. עס האָט קיינער ניִשט באַמערקט, ווי זי האָט זיך אריינגעשלייכט, מיט איר „גוט־וואָך". די „רויטע בעקלעך" האָבן אַרויסגע־שיינט פון היִנטער דער טוך, וואָס זי האָט געטראָגן איבערן קאָפּ, און דאָס קיכערן—כי־כי־כי—האָט זיך מיטן הוסט גע־לאָזט הערן צוזאַמען.

יעדעס מאָל, ווען די מומע שיינדעלע האָט זיך פון דער העלער הויט געוויזן, האָט עס חנה־לאהן אַ שטאָך אין האַרצן געגעבן. זי האָט געוווּסט, אַז די מומע שיינדעלע ווייזט זיך ניִשט בחנם—מסתמא, מוז עפּעס נייעס זיין—אַזוי פּשוט קומט די מומע ניִשט. נאָר איר לאַכן מיטן הוסט האָבן איר אָנגע־זאָגט, אַז דאָ מוז עפּעס עקסטרעס זיין.

און באַלד איז אויך לייבוש אָנגעקומען. צוערשט האָט

ער זיך אַרומגעקוקט אין געשוויגן אַ פּאָר מינוט, און נאָר זייער ערנסט זיך די באָרד אויסגעצויגן. חנה־לאה איז געזעסן ווי אויף הייסע קוילן, האָט אָבער גאָרנישט געפרעגט. רחלע ביי איר. יאָסעלע האָט זיך שטיל אַרומגעקוקט אין אַ ווינקל, זייער ערנסט און קינדיש; אפילו די „קאָמאַנדע" האָט זיך עפּעס רויִק פאַרהאַלטן, געשטאַנען ביי דער וואַנט און געקוקט מיט נייגיריקייט דאָ אויפן פעטער און דאָ אויף דער מומע, — נאָר די שוואַרצע שיינדעלע אַליין האָט אויך אָפּגעהוסט און אין איר הוסט האָט זיך שטענדיק ווידערהאַלט דאָס לאכן — כי־כי־כי — אַזוי, אַז דער קלענערער יונג פון דער „קאָמאַנדע" האָט די צונג אַרויסגעשטעקט — נאָכגעמאַכט הינטן אַרום דער מומעס הוסט, נאָר דער עלטערער, חיים, האָט אים ביים אַרבל געצויגן — וואָרים ער האָט אויך פאַרשטאַנען, אַז דאָ וועט עפּעס זייער ערנסטעס געשען.

נאָך אַ פּאָר מינוט האָט זיך ענדלעך דער פעטער אָנגערופן זייער ערנסט, נישט קוקנדיק אויף קיינעם, ווי ער וואָלט גערעדט צו דער וואַנט.

— כ'האָב ערהאַלטן אַ בריוו פון מאירן.

— וואָס שרייבט ער? — האָט צום סוף געפרעגט חנה־לאה

— ער שרייבט מיר — זאָגט דער פעטער לייבוש אין נעמט פון בוזעם־קעשענע אַרויס אַ בריוו — אַז איך זאָלן אַריינגיין צו זיין „זוגתו" און איבעררעדן מכוח אַראָפּקומען קיין אַמעריקע. ער וויל, אַז זיין ווייב מיט די קינדער זאָלן קיין אַמעריקע אַראָפּקומען.

אַ מינוט איז שטיל געוואָרן. חנה־לאה האָט נישט געוווּסט אויף דעם צו ענטפערן.

— ווי הייסט, איך זאָל קיין אַמעריקע אַראָפּפאָרן? — האָט חנה־לאה צום סוף דאָך אַרויסגעקראָגן אַ וואָרט צו זאָגן,

כאָטש זי האָט אַליין נישט געוווּסט, צו וואָס זי זאָגט עס.

— ער שרייבט מיר, — האָט לייבוש ווייטער דערציילט מיט זיין קול און געשאָקלט זיך דערביי און האָט דעם בריוו אויפגעעפנט — ער שרייבט מיר, אַז ער ווייסט נישט וואָס צו טאָן, אַהיים צו קומען — זאָגט ער, האָט ער נישט גענוג געלט און צו וואָס? — צו וואָס וועט ער זיך נעמען? דאָ אַ בעל-מלאכה ווערן, שעמט ער זיך, און געלט אויף אַ געשעפט צו מאַכן, האָט ער נישט, — און ווער ווייסט, צי ער וועט אַזוי פלינק האָבן, וואָרים כאָטש מע זאָגט, אַז אַמעריקע איז אַ לאַנד, ווו מע שעפּט גאָלד, נאָר בזעת אפיך תאכל לחם, — און ער דאָ, אין זי דאָרט, איז אויך קיין תכלית נישט. ערשטנס, צוויי הייזער פירן און אַ יאָר איז ער שוין אָן זיין זוגתו היקרה ובניו שיחיו, ונפשו קשורה בנפשב, — האָט ער זיך אָן עצה געהאַלטן מיט זיין קרוב דאָרט. און ער האָט אים אויך צוגעראָטן, אַז ער זאָל דאָס ווייב מיט די קינדער אַראָפּנעמען, וואָרים דאָ איז אַ מנהג, אַז מע נעמט שיפס-קאַרטן אויף אויסצוצאָלן. און קיין אַנדער עצה איז נישטאָ — וואָרים, ווי לאַנג איז דער שיער צו בלייבן אַליין — ער דאָרט און זיי דאָ, אַלזאָ בעט ער את גיסו היקר, אַז ער זאָל אַריינגיין צו זיין ווייב, שתחיה, און זאָל מיט איר אַלעס איבעררעדן בפרט און זאָל זי טרייסטן — וואָרים דער ים, אַז גאָט וויל, איז גאָרנישט.

איידער לייבוש האָט נאָך געענדיקט דעם בריוו צו לעזן און צו דערציילן, איז חנה-לאה אַרויס מיט אַזאַ שרעקלעך האַרצרייסנדיק געוויין, ווי עס וואָלט, חלילה, ווער געשטאָרבן. די יידענע האָט נישט געוווּסט, צי זי זאָל זיך פרייען איבערן בריוו, צי זי זאָל טרויערן — נאָר זי האָט געפילט, ווי די טרערן שטיקן איר. איז האַלז און זי האָט אַזוי שרעקלעך זיך צעוויינט, אַז קיינער האָט זי נישט געוואָלט טרייסטן און אָפּ-

האַלטן זי. די יונגען זיינען שטיל געוואָרן, ערנסט, רחלע האָט אויך אין דער שטיל געוויינט, אַלע האָבן געוואַרט און געשוויגן ערנסט און נאָכגעקלערט עפּעס־וואָס און געלאָזט די מאַמע וויינען, נאָר דער מומעס קול האָט זיך געהערט מיט דעם שטילן געוויין, און איצט האָט מען עס בפירוש געהערט, ווי עס לאַכט, מיט אַ כליפּענדיקן קול, און דער מומעס דין־שפּיצנדיק לאַכן האָט מער געשראָקן, ווי דער מאַמעס געוויין.

— כי־כי־כי — האָט עס געקלונגען איבער דער יידענעס געוויין.

---

## ג.

## אויף דער שיף.

אין אַ צייט אַרום האָט זיך שוין די משפּחה געפונען אויף דער שיף, וואָס איז געלעגן אין די וואַסערן פון גרויסן אָקעאַן. די שיף איז נאָך נישט געהאַט אַרויסגעפאָרן, עס איז נאָך געלעגן אין האַפן, און די צווישן־דעקיקע האָט מען אַ גאַנצן טאָג צופּריער אויף דער שיף אויפגעפּאַקט. אַ גאַנצן טאָג איז אַ גרויס גערודער געווען אויף דער שיף, פאַרשיי־דענע פעלקער זיינען אַרויפגעגאַנגען אויף דער שיף, מערסטן קליין־רוסישע גוים — און חנה־לאה מיט די קינדער זיינען ווי דערטרונקען געוואָרן אין דעם גערודער. מע האָט זי דורך קעלערס געפירט, אין די טיפענישן אַראָפּ, זי האָט געהאַלטן יאָסעלען ביי דער האַנט און נאָכגעגאַנגען, זי האָט נישט מורא געהאַט, זי האָט זיך פאַרלאָזט אויף גאָט... צום סוף האָט מען איר אָנגעוויזן אַ סעניק אין אַ ווינקעלע צווישן אַ סך, אַ סך סעניקעס, איז זי אַרויפגעקראָכן מיט אירע קינדער,

האָט זיך איינגענורעט אין איר ווינקל מיט די אירי:קע און האָט זיך מורא געהאַט צו רירן.

דערווייל איז אין דער קאַמער, ווו זי איז געלעגן, גע־וואָרן גאַנץ היימלעך. ארום זיך האָט זי געהערט יידיש רעדן, און אַז חנה־לאה האָט זיך אַרומגעקוקט, האָט זי דערזען, אַז זי געפינט זיך צווישן בלויז אייגענע. דאָס איז געווען די אָפּטיילונג פאַר „יידישע פאַמיליעס מיט קינדער".

ביסלעכווייז האָט זיך איין ייד באַקענט מיטן צווייטן, אַלע האָבן גערעדט אינאיינעם, האָבן אויסגעפרעגט אויף באַקאַנטע פון זייערע שטעט. און איין ייד האָט אַזוי לאַנג געפרעגט דעם צווייטן, ביז עס האָט זיך אויסגע־וויזן, אַז איינער איז מיטן צווייטן משפחה, אַז אַ האַלב שיף איז משפחה און איין ייד איז מיטן צווייטן אַ שני בשלישי.

— אויב אַזוי, טאָ מעגן מיר דאָך פּאַקע מנחה דאַווענען, — האָט זיך אָנגערופן אַ פריילעך קול.

— נו, אדרבא, אדרבא, — האָבן זיך געהערט אַרום קולות.

— יידן, איר ווייסט, אַז מע צינדט היינט דאָס ערשטע ליכטל? — האָט ווער אין אַ ווינקל דערמאָנט.

— אַ גוטער סימן, אין ערשטן טאָג חנוכה אויף דער שיף אַרויפגעגאַנגען.

— איצט פּאַסט די גוטע לאַטקע און די פעטע גריוון לכבוד חנוכה, — האָט זיך אָנגערופן נאָכן דאַווענען אַ פריילעך יידל, אויך אויפן קול, רייבנדיק זיך די הענט.

— גריוון זיינען דאָ, — רופט זיך אָפּ אַ ווייבעריש קול פון אַ סעניק אַראָפּ, און דערלאַנגט פון אַ גרויסן פּאַק אַרויס אַן איינגעפּאַקטן טאָפּ קאַלטע גריוון.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום זיינען שוין געזעסן די יידן פון

פאַרשיידענע געגנטן און לענדער, וועלכע האָבן זיך נאָך נעכטן נישט געקענט, מיט זייערע קינדער אַרום איין טיש, האָבן געגעסן פון איין טעלער, האָבן זיך געטיילט מיט די ביסנס און האָבן זיך געפילט צווישן זיך ווי מיטגלידער פון איין משפחה, ווי אַלטע, אַלטע פריינט פון אַמאָליקע, אַמאָליקע צייטן, וועלכע האָבן זיך געטראָפן נאָך דאָן, ווען דער בית־המקדש איז געשטאַנען, זיינען איבערגעגאַנגען זיך אין די פריערדיקע גלותן געווען, און באַגעגענען זיך ווידער דאָ, אויף דעם וועג קיין אַמעריקע...

נאָר יאָסעלע איז ביי דעם אַלעם נישט געווען. בחנם האָט די מוטער אים יעדער מאָל געצויגן ביים אַרבל, ווען דער חזן האָט געדאַווענט. ווו איז יאָסעלעס שיינער „אמן" נאָכזאָגן? ווו איז זיין „יהי שמי רבה", זיין „קדושה", מיט וועלכן דאָס שטעטל האָט געקלונגען?

זיינע גרויסע גלאַנצנדיקע אויגן קוקן איצט דורכן פענסטערל אין דער נאַכט אַריין אויף דעם ברייטן גרויסן ים. דאָס איז ער, דער ים הגדול, וועגן וועלכן עס שטייט אין חומש, און לויפט ווייט אַוועק, ווו קיין עק איז נישטאָ, ווו די וועלט ענדיקט זיך, ווו די הימלען הויבן זיך אָן. טונקל איז ער און שווייגנדיק, קאַלט און ערנסט ליגט ער אויסגעצויגן און לויפט ווייט, ווייט אַוועק.

פון דער ווייטער טיפעניש פון ים קומט אָן צו לויפן אַ וואַל. גרויס איז ער ווי אַ שרעקלעך־ווילדע חיה, און גיט אַ שרעקלעכן ברום, און אַ שלאָג אָן אין דער שיף. אָט שוין האָט זי די חיה—דער וואַל—דאָס מויל אויפגעעפנט די שיף איינצושלינגען, און אַלע, די גאַנצע שיף, וואָלט געוואָרן איינגעשלונגען אין אים, נאָר גאָט שטייט אויף און זאָגט: „נישט", און מיט אַ געבייזער גיט זיך דער וואַל אַ שלאָג אָפּ פון דער

שיף און לויפט ווייט אין ים אַריין... עס פאַלן די הימלען איבערן ים, עס שטייגט דער ים אין הימל אויף און טונקל ווערט איבער זיי ביידע — און מיט אַמאָל געבן זיך אַ צינד אָן ליכטלעך אין מיטן ים און שווימען אין דער לופטן, צווישן הימל און ים, איין ליכטל נאָך איינס, אַ גאַנצע ריי, הונדערטער, טויזנטער, איינס נאָכן אַנדערן, און גלייך זיינען זיי, ווי ביימלעך איינגעזעצט, ווי שטערן אויסגעזייט — וואָס איז עס, צי איז ביי זיי אויך חנוכה? און האָט דער ים זיינע חנוכה־ליכט אָנגעצונדן? — אָדער זיינען דאָס די ליכט פון די פענסטער פון הימל, וועלכע זיינען שוין פון יענער זייט ים? —

און שטיל איז שוין געווען אין דער אָפּטיילונג פאַר די יידישע עמיגראַנטן. דאָ און דאָרט זיינען די פאַמיליעס געפאַלן איבער זייערע סעניקעס און זיינען איינגעשלאָפן, דאָ און דאָרט איז אַן עמיגראַנט געזעסן ביי דער שיין פון אַ צאַנקענדיק חנוכה־ליכטל און האָט אויף זיין קאַסטן געשריבן דעם לעצטן גרוס פון שיף צו זיין פאַמיליע, — און יאָסעלע איז נאָך אַלץ געלעגן ביי דער מוטערס זייט אויפן סעניק און האָט מיט זיינע גרויסע אויגן אַרויסגעקוקט אין דער נאַכט אַריין אויפן ים.

אין דרויסן איז שוין פינסטער געווען, אַ שוואַרצע, שווערע כמאַרע איז געלעגן איבערן ים, און אַלץ איז געווען פאַרשטעלט, נאָר פון הינטן, אויף די ווענט פון שיף האָט זיך דאָך ברומען פון ווערן, וועלכע זיינען אָנגעקומען צו לויפן פון ים און האָבן געקלאַפּט אויף די ווענט פון שיף, און יאָסעלע האָט געטראַכט, פון וואַנען די ווערן קומען אָן צו לויפן — פון דער טיפעניש פון ים, פון דאָרט ווייט, נאָך די ליכטלער. ווו עס איז שוואַרץ — דאָרט ווו עס ליגט דער לויתן, און אויף זיין עק שטייט די וועלט, און עס איז גענוג, אַז ער

זאָל אייז וואַרף געבי מיט זייז עק, און די גאַנצע וועלט זאָל איז ים אַריינפאַלן, נאָר גאָט שטייט דערביי און זאָגט: ריר דיך נישט — און דער לויתן גיט זיך קיין ריר נישט.

ער האָט אים איצט באַשיימפּערלעך געזעז, דעם לויתן, דאָרט איז דער טונקלקייט, ווו ער שניידט זיך אַרויס פון ים ארויס און שטייגט וואָס אַמאָל בולטער, בולטער פון ים אַרויס. אָט וואַקסט זיין קאָפּ, וואַקסט, ציט זיך אויס וואָס אַמאָל לענגער און לענגער, ביז עס דערגרייכט דאָרט צום סוף ים, צום הימעל צו. אָט וואַקסט זייז עק, און ציט זיך אויס וואָס אַמאָל לענגער, אָט-אָט, ביז ער דערגרייכט שוין דאָ אַהער, אָט וועט ער באַלד אָנרירן מיט זייז עק די ווענט פון שיף און אַלץ וועט ער אומדרייעז אין ים אַריין.

— מאַמע! — האָט פּלוצים יאָסעלע געגעבן אַ שריי אויס מיט אַזאַ האַרץ-שרעקנדיקן געשריי, אַז חנה-לאה האָט זיך איפגעכאַפּט, האָט זיך אומגעקוקט, ווו זי איז, — האָט גע-נומעז יאָסעלעס קאָפּ הינטער איר טוך אַרונטער און האָט אים דאָס פּנים פאַרשטעלט.

— לייעז קריאת-שמע, יאָסעלע, און שלאָף.

און יאָסעלע האָט מיט האַרץ-קלאַפּעניש קריאת-שמע געלייענט הינטער דער מוטערס טוך.

---

ד.

## אַ זומערטאָג אין ניו-יאָרק.

עס איז געווען אַ וואַרעמער זומער-טאָג. ביי אונז וואָלט עס געהייסען אַ הייסער תמוז-טאָג, אין ניו-יאָרק איז עס אָבער געווען איינער פון די אַפּריל-טעג. אַ וואַרעמער פייכטער ווינט

האָט געבלאָזן פֿון אָפּענעם ים און געלייגט זיך ווי אַ טומאַן איבער דער ניו־יאָרקער לופֿט. די פֿענסטער פֿון די טענעמענט־הייזער האָבן זיך אויפֿגעעפֿנט און אַלץ, וואָס האָט זיך גע־שטיקט אין זיי אַ גאַנצן ווינטער, האָט זיך אָנגעהויבן אַרויס־צורייסן אין גאַס אַריין. די באַלקאָנען פֿון די הייזער, פֿון די פֿענסטער זיינען פֿול געוואָרן מיט באַלייגטע זאַכן, בעטגע־וואַנט און ווינטער־קליידער, און די שטוב האָט זיך אַרויס־געריסן פֿון פֿאַרמאַכטן הויז און איז אַרויסגעגאַנגען אין דער גאַס אַרויס... מע האָט זיך אַרויסגעצויגן אויף די טרעפּלעך אין גאַס מיט קינד און קייט. ווייבער אין אויסגעטאָנענע קאָפּטעס זיינען געזעסן אויף די טרעפּלעך אין גאַס אַרויס און האָבן די קינדער געשטילט מיט זייערע ברוסטן. און איי־בער די קעפּ, איבער די גאַסן איז געלעגן אויסגעשפּרייט דער אייזערנער וועג פֿון דער שטאָט־באַן, און פֿון מינוט צו מינוט האָט זיך געהערט דער רעש פֿון אַ דורכלויפֿנדיקן צוג און האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ געשטאַנק און קאָרזש.

איבער דער גאַס האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ קינדיש מוזיק־שפּילן, פּייקלעך האָבן געפּויקט און פֿלייטעלעך האָבן געקוויטשעט אַן אַמעריקאַנער געזאַנג. באַלד דערויף האָט זיך געוויזן אַ שאַר פֿון קינדער. פֿאַרשטעלטע און אויסגעצירטע אין פֿאַרשיידענע קאָלירטע פּאַפּיר־קאָסטיומען, זיינען זיי גע־גאַנגען אונטער די טענער פֿון אַ קינדער־מוזיק. דאָס איז גע־ווען אַ „מאַי־פּאַרטיע". די פּאָבליק־שול, אין וועלכער יאָסעלע האָט געלערנט, האָט געפֿירט אירע קינדער אין צענטראַל־פּאַרק (אין שטאָט־גאָרטן) צו פֿאַרוויילונג.

פֿריער איז געגאַנגען די לערערין, מיס איזאַבעל, און האָט געהאַלטן יאָסעלע ביי דער האַנט, וועלכן ס'איז גאָרנישט געווען צו דערקענען. יאָסעלע האָט געזאָלט זיין דער פּאַקל־

טרעגער פאַר דעם „קעניגלעכן־פּאָר", וואָס איז געגאַנגען נאָך אים הינטער אַ בלויער, שטערן־באַזעצטער חופה. יאָסעלע האָט געהאַט אויף זיך אַ ווייס העמדל מיט אַ בלויען לזים יאַס און אַ פּאַפּירענעם הוט מיט אַ טראָלד, און האָט געהאַלטן אַ שטורקאַץ אין דער האַנט. אָבער יאָסעלע האָט זיך פאָרויס געשלעפּט מיט זייער אַ שווערן יידישן געמיט, און זיין קאָפּ איז אים ניט געשטאַנען צו די נאַרישקייטן, און ער האָט ניט געוווסט, צו וואָס מע שלעפּט אים דאָ מיט. די קינדער, וועלכע זיינען באַשטאַנען פון אַלע נאַציעס פון דער וועלט, פון אַלע טיילן פון דער וועלט, זיינען איצט געווען גרופּירט אין אייז קינדער־לעגענדע.

נאָך דעם „קעניגלעכן פּאָר" איז נאָכגעגאַנגען זייער פעלד־יעגער. דאָס איז געווען דאָס איטאַליענישע יינגל, קאָטאַ קאָמבאַס, וואָס האָט שוין איצט ענגליש פאַרשטאַנען. אין אַ רויטן הוט האָט ער נאָכגעפירט זיין געליבטן הונט, וועלכער איז אויך געווען באַפּוצט פון קאָפּ ביז צום וויידל אין פאַרשיידענע קאָלירטע פּאַפּירן, און נאָך אים די קינדער, אַלס פּאַזשן, גענערעלער, וואַלד־גזלנים און שקלאַבן. די קינדער זיינען געווען אויפגערוימט, די מוזיק האָט געשפּילט פאָרויס פאַר זיי, און זיי האָבן זיך געהאַלטן אין טאַקט. די יונגען זיינען געגאַנגען שטרענג, געקלאַפּט מיט די פיס זעלנעריש, די מיידלעך האָבן בלומען פאַרשפּרייט איבער די טראָטואַרן און געמאַכט פּאַראַד פאַר דעם קעניגלעכן פּאָר. אַ סך מוטערס זיינען נאָכגעגאַנגען נאָך די קינדער, האָבן אין די קינדער־וויגעלעך נאָכגעפירט די יינגערע ברידערלעך און שוועסטערלעך, וועלכע האָבן אויך געוואָלט זיין ביי דעם „מאַי־פּאַראַד", האָבן אין די קייבערלעך זיי עסן נאָכגעטראָגן, און צווישן אַלע האָט געהערשט אַ גוטע

קינדער־שטימינג, גליקלעך איבער דער ליבער זון, וואס האט זיך אריינגעריסן צווישן די אייזערנע וועגן, וועלכע זיינען געלעגן איבער זייערע קעפ, און האט באגאסן די קינדער מיט פריילעכע זומער־שטראלן.

יאסעלע אבער, נאר איין יאסעלע, נישט ער האט דאס פלייטן־שפיל געהערט, נישט ער האט דאס קינדער־לאכן פארנומען, וואס האט ווי פריש וואסער ארום און אפגע־קלונגען. נישט דאס פריילעכע זומערליכט האט זיין מוט דערהייטערט. ווי אן אלטער ייד גייט ער דא צווישן די קינדער א פארשטעלטער, מיט אן אפגעקריידט פנים, אין א פאפירענעם הוט און מאכט זיך צו נארן אין מיטן שיי־נעם טאג. אומזיסט האט אים די מיס איזאבעל, וועלכע האט אים איצט געהאלטן פעסט ביי דער האנט, איינינקע מאל אויפגעוועקט, געקוקט אים ליבלעך אין די אויגן אריין און געפרווט אים צו דערהייטערן, איז אליין מיט אים פארויס־געגאנגען און אנגענומען די מינע פון די קינדער און גע־טרעטן מיט די פיס אזוי ערנסט, ווי זיי. און אירע ווייכע האר האבן זיך צעלאזט מיט דעם קינדישן שמייכל אויף די ליפן, איז זי אליין געגליכן געווען צו איינס פון די קינדער, און מיטגעפרייט זיך מיט די קינדערס פרייד. א, אומזיסט האט זי געפרווט יאסעלען צו דערהייטערן, אים ביי דעם הענטל געצויגן און פארויסגעגאנגען מיט אים, געלאפן מיט אים, דערהויבנדיק הויך זיין האנט מיטן פאקל. יאסעלע האט דעם קאפ צו דער ערד געבויגן און פארשעמט זיך פאר איר.

די מענטשן אין גאס האבן מיט ליבע נאכגעקוקט די שפאצירנדיקע קינדער, איז מיט פרייד זיי אויפגענומען. די מענטשן האבן זיי נאכגעפאטשט בראווא מיט די הענט. די פאליציי־לייט האבן אפגעשטעלט אלע טראמווייען און וועגן און

די קינדער אַדורכגעלאָזט. פון די הייזער האָבן מוטערס זייע-
רע קינדער אַרויסגעפירט און זיי צוזאַמענגעהאַפּטן מיט דעם
מאַי-פּאַראַד, און וואָס לענגער זיי זיינען געגאַנגען, איז די
גרופּע געוואָרן גרעסער, זיינען וואָס מער מוטערס צו זיי צו-
געקומען און די קינדער אין גאָרטן באַגלייט.

אין דעם שענסטן גאָרטן פון ניו-יאָרק, אין „צענטראַל-
פּאַרק", וועלכער שטייט אין מיטן דער שטאָט, האָט די שטאָט
דעם שענסטן מיט גראָז-באַזייטן פּלאַץ פאַר די קינדער אָפּ-
געגעבן צו שפּילן. דאָס גרויסע אומעגדלעכע גרינע פעלד,
וואָס האָט זיך געצויגן אויף אַ בערגל אַרויף און דאַן זיך
אַראָפּגעלאָזט אין אַ גרינעם אויסגעבעטענעם טאָל, איז גע-
ווען אויסגעזייט מיט קינדער, וועלכע האָבן אין זייערע בונטע
פאַרשיידנפאַרביקע קאָסטיומען אויסגעזען ווי אַ פעלד, וועל-
כעס איז באַשאָטן אינגאַנצן מיט פאַרשיידנפאַרביקע טיולפּאַ-
נען, וואָס לויפן אַרום איבער אַלע ווינקעלעך פון פעלד...

די קינדער פון פאַרשיידענע שולן האָבן זיך באַלד צו-
זאַמענגעמישט, די לערערינס האָבן איינגעאָרדנט פאַר זיי
פאַרשיידענע שפּילן און זיינען אַליין אַרומגעלאָפן מיט די
קינדער; די מיס איזאַבעל האָט זיך געיאָגט מיט אייניקע
מיידלעך, דערביי זיינען אירע ווייכע האָר צעפאַלן און זי
האָט זיך מיט די קינדער אָנגעהויבן אומצוקוילערן איבער
דעם גרינעם, ערשט אָפּגעשניטענעם גראָז; פון פאַרשיידענע
אַנשטאַלטן האָט מען די קינדער פּראָוויאַנט צוגעשיקט, דאָ
און דאָרט האָבן זיך קינדער אויסגעזעצט עסן, און אַ קינ-
דער-מוזיק האָט געשפּילט פאַר זיי. די מיס איזאַבעל האָט
זיך געהאַלטן אין איין יאָגן מיט אירע צוויי חברטאָרינס, און
איינס האָט דאָס אַנדערע מיט אָפּגעשניטן גראָז באַשאָטן.

אין דעם האָט זי דערזען יאָסעלען, ווי ער זיצט אַליין

הינטער א בוים. אפגערוקט פון די קינדער און קוקט זיך צו
צו די שפילנדיקע, און א שמייכל, וואס דריקט אויס אי צער,
אי איראניע, אי גלייכגילטיקייט צו אלעם און צו זיך, שפילט
אויף זיין בלייך פנימל. זי האט זיך נעבן אים צוועקגעזעצט
און אנגעהויבן מיט אים ריידן.

יאסעלע האט נאך נישט פארשטאנען קיין ענגליש,
כאטש ער איז שוין צוויי-דריי וואכן אין שול. דאך האט ער
שוין פארנומען דעם קלאנג פון דער שפראך. אמבעסטן האט
ער פארשטאנען דער מיס איזאבעלס ענגליש. ער האט אין
אירע אויגן, אין דעם שמייכל פון אירע ליפן געפילט, וואס זי
וויל זאגן... די מיס האט זיך אויך צו דעם קינד געפילט זייער נאנט און האט אים זייער ליב געהאט. און וואס מער
יאסעלע האט זיך געפילט פרעמד אין דער שול, אלץ גרעסער
איז ביי איר געווארן דאס געפיל פון רחמנות צו אים...



פאַרלאַג „קולטור=ליגע“, וואַרשע

# צום נייעם שול=יאָר

## מיין יידיש בוך

פון ח. ש. קאַזדאַן און יעקב פאַט

פאַרן 2=טן לערניאָר

דאָס בוך איז ניי, פריש און אַ קוואַל זעלבשטענדיקער, לעבעדיקער קינדערשאַפונג. פּרעכטיק אַרויסגעגעבן, מער ווי 50 אילוסטראַציעס און קונסטבילדער

פרייז 3,60 זל.

## מיין יידיש בוך

פאַרן 3=טן לערניאָר

אַן אָריגינעל און אייגנאַרטיק בוך פאַר די 3=טע קלאַסן פון דער שול. דאָס איז דאָס בוך, אין וועלכן עס האָט זיך שוין לאַנג גענויטיקט אונזער שול. רייך אילוסטרירט

פרייז 3,60 זל.

## געאָגראַפיע פון פוילן

פון ש. אַבראַמסאָן

רייך אילוסטרירט מ.ט קלישעס און מאַפּעס. דאָס ערשטע און איינציקע לערנבוך אין דער יידישער שפּראַך. די געאָגראַפיע איז צוזאַמענגעשטעלט לויטן פּראָגראַם פון בילדונגס=מיניסטעריום פאַר די העכערע קלאַסן פון פאָלקס=שול, נידעריקע קלאַסן פון גימנאַזיע, ווי אויך פאַר די אָוונט=שולן. די געאָגראַפיע אַנט=האַלט ידיעות וועגן היינטיקן פוילן, ווי אויך וועגן יידן אין פוילן.

פרייז 4,80 זל.

# יידישע געשיכטע

## פון ח. אפרתי

ערשטער טייל:

**די ביבלישע תקופה**

צווייטער טייל:

**די צייט פון בית־שני**

אַרויסגעגעבן מיטן הסכם פון דער
יידישער שול־אָרגאַניזאַציע

אפרתיס יידישע געשיכטע איז דאָס איינציקע
אָנערקענטע לערנבוך פון יידישער געשיכטע

די נייע אויפלאַגע איז באַארבעט
און פאַרבעסערט דורך דעם מחבר

**דאָס לערנבוך איז איינגעפירט אין אַלע**
**שולן אין לאַנד און אין אויסלאַנד**

